נפתלי גראס

# פסאלמען

אין אָנדענק פון אונדזער
יונג פאַרשטאָרבענעם זון

יוסף עמנואל חיים

אהרן און חיה רחל ראַפּאַלאָווסקי
ניו יאָרק

פארלאג
„אמעריקא“

I

איך שלאָף אין מיטען שטוב. אַרום מיין בעט
זיך דרעהט אַ ווייסער קאַראַהאָד און דרעהט,
און זינגט פיל לויבליעדער צו דיר, מיין האַר,
וואָס ברייגנט די רוה מיר נאָך אַ טאָג פון צער.

## II

פון וואַנען קומט דאָס מיידעלשע געזאַנג
ביינאַכט, ווען אַלע הייזער זיינען לאַנג
שוין צוגעמאַכט, און יעדער רוהט שוין, רוהט? —

נפתלי גראס

III

איך זעה — פון אַלע זייטען קומען זיי,
ווי ווייסע מחנות אָן מיט פריידיגעשריי:
מיר קומען, זעה, מיר אַלע קומען אָן
באַשעהנען דיך אין ווייסען אָנגעטאָן.

פּסאַלמען

## IV

אין שלייערען פון ווייס־ און בלויען זייד,
אין קליינע זיידען־שיכלעך, ווייס ווי קרייד,
לייכט טאַנצען, טאַנצען זיי אַרום מיין בעט,
און זינגען האַרציג צו דיר אַ געבעט.

נפתלי גראָס

V

ווי ווייסע טויבען פליהען זיי ארום,
און בעטען זיך מיט זיי'רע בליקען שטום,
און זינגען: עפען דיינע טירען אויף,
און נעם אונז אלעמען צו דיר ארויף.

## VI

מאַך אויף די טויערען און ווייט צעפּראַל
די גאָלד'נע טירען דיינע איבעראַל.
מיר קומען, זעה, מיר קומען לויטער ריין,
צו גרויסען און צו לויבען דיך אַליין.

נ פ ת ל י  נ ר א ס

VII

איך קען די אויגען זייערע ניט זעהן,
די שלייערן פארדעקען זיי, פארוועהן.
און דאך ביי זייער יעדען וועה און ריהר,
דערפיהל איך זייער בלויען בליק אויף מיר.

VIII

ווער ביסטו, ווער, וואס האט מיך שפעט ביינאכט
פון שלאף געוועקט, און זינגען מיך געמאכט?
~~איך האב~~ נאך קיינמאל [redacted] ניט געזעהן —
לפני דיך

נ פ ת ל י   ג ר א ס

## IX

אין זיידענס טוט זיך אָן און קומט צו געהן, —
מיין טיר פאַר איך וועט שטענדיג אָפען שטעהן, —
און זעצט זיך אוים ווי נימפען ביי דעם ברעג פון טייך.
ווייל קראַנק בין איך פון בייגקענקיש נאָך אייך.

## X

איך ליעב דעם דינעם רויש פון בונטען זייד,
וואָס טראָגט זיך אין דער שטילקייט, ווי פֿון ווייט
דער רוישענדיגער ים פאַרנאַכט.

נ פ ת ל י  ג ר א ס

## XI

ווער ביסטו, ווער, וואָס מיט אײַערן ריהר
מאַכסטו אויפציטערען מײַן האַרץ אין מיר;
און מיט אײַערן העלען בלויען בליק
באַרוישסטו און באַלעבסט מיך באַלד צוריק.

XII

דיין בליק האָט ציטערען געמאַכט מיין האַרץ,
און אַ געהיימע בייַנקשאַפט האָט ערוואַכט
אין בלוט ביי מיר און אין מיין האַרץ,
און האָט מיך אַזוי טרויעריג געמאַכט.

נ פ ת ל י ג ר א ס

XIII

ווער איז ער, ווער, וואָס האָט אונז צוויי צעשיידט,
און האָט דעם וועג, וואָס פיהרט צו דיר, פאַרוועהט ?
און ווער איז דער, וואָס האָט אין האַרץ ביי מיר
אַ בייִנקשאַפט אָנגעצונדען דאָן נאָך דיר ?

## XIV

עס לעשען פענסטער איינציגווייז זיך אויס,
און טונקעל ווערט ארום אין יעדען הויז.
און ביז עס לעשט זיך אויס דאס לעצטע ליכט —
אנטפלעקסטו מיר דיין ליכטיג ריין געזיכט.

נפתלי גראס

## XV

שולמית דו ביסט ניט ווי די, וואס האט
געזוכט ביינאכט אין גאסען פון דער שטאדט,
און אין געמארקען, טרוי׳ריג און באטריבט,
אט דעם וואס איהר נשמה האט געליבט.

## XVI

שולמית, דו ביסט אויך ניט אָפּגעברענט,
ווי יענע פון דער הייסער מזרח זון.
דאָך זיינען דיינע אויגן טיף און שוואַרץ,
און ליעב ביסטו, און ס'ביינקט נאָך דיר מיין האַרץ.

נ פ ת ל י  ג ר אָ ס

XVII

דו הארציגע, צי ווייסטו כאטש וויפיל
עם ברייגגט מיר צער און פרייד דיין קינדערשפיל;
און ווייסטו פיל דו ברייגגסט צער און פרייד
מיט דיינע קינדיש־פלאפעלדיגע רייד.

## XVIII

כ׳בויג איין פֿאַר דיר מיין קאָפּ און קוש דיין קלייד,
און מורמעל עפּעס האַרציג שטילערהייט,
איך מורמעל וואָס פֿאַר דיר, וואָס האָט מיין האַרץ
אויפֿציטערען געמאַכט מיט צער און פֿרייד.

נ פ ת ל י  נ ר א ס

## XIX

איך האָב אײַדעלן טאָג אויף דיר געוואַרט.
דאָך האָט אײַדער טאָג מיך נאָר גענאַרט.
איצט בויג איך אײַן מײַן קאָפּ פון צער און פּײַן,
און זאָג: מסתמא דאַרף אַזוי צו זײַן.

XX

שלים אפּ זיך אין דיין איינזאמען געצעלט,
און בוי פאר זיך אליין דיין אייג׳נע וועלט.
נאר זייענדיג אליין וועסטו ערשט זעהן,
ווי גרויס עס איז דיין וועלט אין דיר אליין.

נ פ ת ל י ג ר א ס

## XXI

קעהר אַפּ פון אַלץ און אַלעמען, און מייד
דעם טומעל אוים פון וועגענער און לייט;
און פאַרש דיין וועג אַוואו דו לאַזסט זיך געהן,
ווי צו דערנעהנטערן זיך צו זיך אַליין.

XXII

דו בעט נאָר, בעט בייטאָג, ביינאַכט און וויין
און זוך און פאָרש אין זיך נאָר זיך אַליין.
יווייל פאַרשענדיג ווערסטו ערשט זעהן פיל פרייד
עס איז אין דיר פאַר דיר אַליין געגרייט.

נ פ ת ל י ג ר א ס

## XXIII

באַקלאָג זיך ניט פֿאַר דײַנע אײגענע פֿרײַנט,
און ניט דערצײל, װי גרױ דײַן טאָג דיר שײַנט;
און פֿון דײַן שאַנד און װײ דערצײל זײ ניט —
דו ברענגסט זײ אױך נאָר צער און פּײַן דערמיט.

## XXIV

אויב דו ווילסט וויסען ווער און וואס איך בין,
און ווי עס געהען מיינע טעג אהין,
פרעג קײנעם ניט דארויף נאר קום באקען
זיך דו אליין מיט מיר, וועסטו ערשט זעהן.

נפתלי גראס

## XXV

וויפיעל און וואָס דו זאָלסט ניט טון פאַר איהם,
ניט האַלט זיך גרוים דערמיט און ניט באַריהם
זיך פאַר די פריינט דערצעהלענדיג דערפון —
ס'איז ווינציג אַלץ וואָס זאָלסט פאַר איהם ניט טון.

XXVI

דו היטסט זיך אויס פאַר די, וואָס געהען מיט
געבויגענע און שטיל נאָך דיינע טריט.
זיי ברייננגען דיר נאָר אין דעם ווייטען וועג
דאָס אומגליק מיט, דאָס אומגליק און די שרעק.

נפתלי גראָס

## XXVII

ניט געה אהין, וואו ניט דיין גלייכען געהט,
און שטעה ניט דארט וואו ניט דיין גלייכען שטעהט.
אויך וואו דיין גלייכען איז זאלסטו ניט געהן, —
ווייל קיינער קען דיך ניט גענוג פארשטעהן.

## XXVIII

וואָס זינגט אין מיר מיין הארץ, מיין בלוט, מיין רוה,
מיין גאַנצער איך ווען ס'פאַלט דער אָוועגט צו? —
דער אָוועגט קומט, מיט איהם קומט ער אויך אַז
אַ לויטערער אין ווייסען אָנגעטאָן.

נ פ ת ל י  ג ר א ס

## XXIX

דו בעט נאָר, בעט און וויין אין זיך אַליין,
וועט לייכטער ווערן דיר דיין האַרץ און ריין:
און פרעהליכער וועט ווערן דיין געמיט,
און גרינגער איז דיין שווערען וועג די טריט.

## XXX

איך האָב מיין וועג אַליין מיר אויסגעוועהלט,
און כ׳געה וואוהין נאָר מיר אַליין געפעלט.
און דאָך מיין אויסגעוועהלטען וועג און גאַנג.
האָסטו פאַראויס באַשטימט פאַר מיר שוין לאַנג.

נ פ ת ל י  ג ר א ס

## XXXI

עס לויערט קיינער קיינמאָל ניט אויף מיר,
און קיינער שאַרט געהיים זיך פאַר מיין טיר;
און כ'וויים, אַז דו באַהיטסט צו מיר דעם וועג, —
דאָך אָפט באַפאַלט מיך אַ געהיימע שרעק.

XXXII

אוואו דו ביסט און וואו דו זאלסט ניט זיין,
פארגעס דיין אייביג שטילען צער און פיין;
פארגעס אז אלץ אין רויש פון דיינע טריט,
און וויס, אז ער אליין דיך שיצט און היט.

נפתלי גראס

## XXXIII

כ׳בין פון דער שטאָדט און איהר גערויש אַוועק,
וואו ס׳געהט דעם מענשען נאָך אויף יעדען וועג
דער טויט. כאָטש כ׳וויס, אויף יעדען אָרט
קען ער מיך טרעפען: דאָ אזוי ווי דאָרט.

XXXIV

איך בין אַוועק פון גאַסען ענג און הויך,
וואָס שטעהען טאָג און נאַכט אין וואָלקענס רויך
פאַרהילט. און אונטען — מענשען, קעץ און הינט
זיך דרעהען אום אין גרעסטען שטורעמווינט.

נפתלי גראס

XXXV

איך בין אוועק פון דעם גערויש פון שטאָדט,
וואו מענשען, פערד און באַהנען, ווי אַ ראָד
זיך דרעהען אין איין גרויסען קאַראַהאָד,
און רוישען אין דעם רויש פון יעדען טראָט.

XXXVI

איך בין אוועק פון שטאָדט, וואו אשמדאַי
זיך דרעהט אַרום אין רויש און אין געשריי
פון אויטאָס, פערד און מענשען נאָכאַנאַנד,
ווי ס'דרעהט אַ שפּינראָד זיך אין שפּינער'ס האַנט

נפתלי גראָס

## XXXVII

איך בין אוועק וואו ס'רוישען וואלד און טייך,
און וואו ס'דערהויבען זיך צום הימעל גלייך
די בערג, די בוימער, ווי זיי וואלטען זיך
דערהויבען הויך נאר צו דערגרייכען דיך.

XXXVIII

וואו בלומען נויגען איינס צום צווייטען זיך,
וואו גראָזען וויגען זיך און גרויסען דיך;
וואו פליגען, קנאָפּערם אין איין גרויסען ליעד
באַהעפּטען זיך צו דיר אויף יעדען טריט.

נ פ ת ל י  ג ר א ס

XXXIX

דאָ זוך איך דיך, און דאָ געפין איך דיך,
אַדאָ דערקען איך, דאָ דערפיהל איך דיך
אין וועה פון ווינט, אין יעדען רויש און ריהר,
אַרום מיר, איבער מיר און טיף אין מיר.

## XL

און כאָטש איך ווייס אַז דו ביסט אויך אין שטאָדט,
אין רויש און קלאַנג פון יעדען שפּאַן און טראָט,
דאָך פיהל איך נעה'נטער זיך צו דיר, מיין האַר,
אין רויש פון טייך און וואַלד אין פרייד און צער.

נ פ ת ל י  ג ר אָ ס

## XLI

אַט דער, וואָס האָט די זון אַרויסגעפיהרט,
און האָט די נאַכט מיט שטערען אויסגעצירט,
האָט מיך אויך אויסדערוועהלט דאָ פאַר אַ ליכט
צו זיין אין יעדען איינעמס אַנגעזיכט.

## XLII

ער האָט פון טויזענטער מיך אויסדערוועהלט,
און ווי אַ לייכט־טורעם פאַר אייך געשטעלט.
איך זאָל באַלייכטען אייער שווער געמיט,
און לייכטער מאַכען אייך אין וועג די טריט

נ פ ת ל י  ג ר א ס

XLIII

אַט דער, וואָס בריינגט דעם טאָג, די נאַכט און ווינט,
ברויזט אויף דעם ים און וואַרפט אַנ'אינד אויף אינד,
אַט דער מאַכט שלאָגען אונזער האַרץ אויף ריין
צו גרויסען און צו לויבען איהם אַליין.

## XLIV

אָט דער, וואָס האָט די זון אַרויסגעפיהרט,
און האָט די נאַכט מיט שטערען אויסגעצירט,
ער האָט אויך אונז אַהער נאָר מיטגעבראַכט,
צו זעהן זיין גרויסקייט דאָ פון טאָג און נאַכט.

נ פ ת ל י  ג ר א ס

## XLV

אַט דער, וואָס ברייִנגט אויף אונז אי צער, אי פרייד,
צוזאַמען מיט איטוּדער קלייניגקייט,
אַט דער נעמט אונז דעם צער און פרייד אויך צו,
און ברייִנגט אויף אונז די אייביג־שטילע רוה.

XLVI

פֿאַר מיין טעגליכען באַדאַרף, מיין גאָט,
ווער איך אַיעדען טאָג צו שאַנד און שפּאָט:
און יעדען טאָג מיט זייער גאַס-געשריי,
ווער איך דערנידעריגט און קליין אַזוי ווי זיי.

נפתלי גראָס

## XLVII

ווי טוי, וואָס קומט פֿאַרנאַכט אויף דר'ערד אַראָפּ,
ווי שפּריירעגעז, וואָס פּרישט די פֿעלדער אָפּ.
אַזוי קומט אויף דיין גרוים גענאָד אויף מיר,
אויף מיר, אויף אַלץ, וואו כ'גיב זיך נאָר אַ ריהר.

## XLVIII

איך ווייס, מיין האַר, אַז וואָס איך בעט פון דיר
באַווייליגסטו. באַוווילגזשע פאַר מיר,
איך זאָל מיין טרויער און מיין גרויסען צער
אַריבערטראָגען אויך אַצינד, מיין האַר.

נפתלי גראס

## XLIX

הלואַי וואָלט איך אַ ברודער נאָר געהאַט,
צו לערנען איהם, ווי גרוים עס איז זיין טאַט;
צו ווייזען איהם, פיל גרויסקייט און פיל פרייד
עס ליגט פאַרבאָרגען טיף אין זיינע רייד.

## L

די לעצטע שטערען בלייכען אין דער הייך,
און ווייט אין מזרח בלייכט עס גרוי און בלייך:
און מיט דעם ערשטען זונשיין זיך פארשפרייט
אין הארץ ביי מיר די העלע מארגען פרייד.

נ פ ת ל י  ג ר א ס

LI

ווי בעטלער קומען זיי פון נאָהנט און ווייט
מיט טאָרבעס אויף די רוקענס און ביים זייט
מיט קינד און קייט. און בעטען מיט געוויין —

## LII

זיי זעצען אין אַ ראָד אַרום זיך אויס
מיט עופּ'עלעך און קינדער אויף דער שויס,
און פֿלוידערען פֿאַרגעסענדיג אָן רוה —
און ס'הערען זיך צו אַלץ די קליינע קינדער צו.

נ פ ת ל י  ג ר אַ ס

LIII

זיי זיינען ווי די פוילע הינט ביים שוועל
פון דעם, וואָס עפענט אויף פאַר זיי זיין צעל.
און ווי די פוילע הינט פאַר יענעמס גנאָד,
זיך לאָזען טרעטען זיי פון יעדענס טראָט.

## LIV

איך האָב זיי פיינט. דאָך זייער ווען און פיין
איז אין מיין בלוט און האַרצען טיף אַריין.
ער וועהטאָגט מיך און לייטערט מיך פאַר זיי,
כ'זאָל אויפגעהן ווי אַ שיין אין זייער ווען.

נ פ ת ל י   ג ר א ס

## LV

כ'האָב אײנגעבויגען טיף פאַר זיי מיין קאָפּ,
און האָב געוואָרט, ניט וויסענדיג אויף וואָס,
איך האָב געוואָרט. און פאַר די אויגען מיר
איז אויפגעגאַנגען אַזאַ העלער שיין.

## LVI

דער נביא זאָגט: די שווערד בלייבט אייביג שווערד,
און אייביג דורשטען וועט נאָך בלוט די ערד.
עס וועט אויך קינ׳ס בלוט ניט איינשטילען
דאָס בלוט פון הבל׳ען, וואָס שרייט פון דר׳ערד.

נ פ ת ל י  ג ר א ס

LVII

אַ בלייכער מיט דעם אָנקומען פון טאָג
וועט ער פאַרשווינדען ערגיץ ביי דעם ראָג.
זיי גרייט אַ גאַנצען טאָג, עס קען דאָך זיין,
ער זאָל צוריק־זיין מיט'ן אָוועגט־שיין.

## LVIII

און ווען ער גערט אוועק, דו גיי באַלייט
איהם ביז דעם וועג מיט טרייסטענדיגע רייד:
און ביים געזעגענען ניט שטעה צו לאַנג —
דו מאַכסט איהם שווערער נאָר דערמיט זיין גאַנג.

נ פ ת ל י  ג ר אָ ס

## LIX

איז ער אוועק, דאן קעהר זיך אום אין הויז
און טו פאר גרויסען צער די שיך זיך אויס,
און וויין, — ווייל ווער קען ווי דיין הארץ פארשטעהן,
אז דו וועסט איהם שוין קיינמאל מעהר ניט זעהן.

LX

באַלייט מיט פרייד אָט דעם, וואָס געהט אַרויס
צו זעהן די וועלט ווי שעהן זי איז און גרויס.
ער וועט גאָטס וואונדער זעהן אויף יעדען טראָט, —
ער וועט ערשט דאן פארשטעהן זיין גרויס גענאָד.

נפתלי גראס

## LXI

דער בלייכער טאָג פאַרבלייכט. די זון פאַרגעהט.
דער אָוועגט קומט און מיט אַ שטילקייט וועהט
און אַלץ ווערט שטיל. נאָר דו, מיין אומרוה. דו,
דו גיסט מיין הארץ גאָר קיינמאָל ניט קיין רוה.

## LXII

מיר איז ניט גוט. א שטילער וועהטאג רוהט
ביי מיר אין הארצען טיף און אין מיין בלוט,
וואס וויינט פון אייביג אן אין יעדען גליד
ביי מיר, כאטש פעהלען מיר גארניט ניט.
פעלט

נפתלי גראס

## LXIII

איך האב דעם לאמפ פארדרעהט. פארמאכט די טיר.
וועט קיינער איצט ניט קומען מעהר צו מיר.
איך וויל פארבלייבען איצט מיט זיך אליין,
אין שטילען הויז אליין.

## LXIV

איך האָב מיין טיר פאַרשלאָסען אויפ׳ן שלאָס.
און אָנגעפּילט מיט שטאַרקען ווײַן מיין גלאָז. —
ווי שווער מיר איז, מיין האַרץ איז פול געוויין
אויף אַלץ, אויף אַלעמען, אויף זיך אַליין.

נאַתלי גראס

## LXV

איך האב געמיינט, איך וועל מיט שטארקען וויין
פאר'שיכור'ען מיין גרויסען צער און פיין,
און איינשטילען מיין הארץ און מיין געוויין
אויף אלץ, אויף אלעמען, אויף זיך אליין.

## LXVI

דער וויין באַרוישט פֿאַרפֿיהרט דיך און פֿאַרמידט,
און ווייגט דיך אַיין מיט אָפּגענאַרטען פריד. —
ניט אייביג קען מען אַ באַרוישטער זיין —
עס ווערט נאָך גרעסער דאַן דיין צער און פּיין.

נפתלי גראָס

LXVII

כ'האָב ניט צו זיי'רע אָפּגעטער געקניהט,
און בין אויך קיינמאָל ניט אין זייער מיט
געזעסן שפּעטענדיג ביי וויין און טיי —
דאָך טרעפט דאָס אומגליק מיך אַזוי ווי זיי.

## LXVIII

נִיט אִין דעם רויש פון לִיעדער און געזאַנג
פון מיידלעך; אויך נִיט אִין דעם בעכערקלאַנג
פון ווײַנען, ליגט פאַרבאָרגען אונזער פרייד. —
דאָס אַלץ באַרוישט נאָר ביז פאַרלוירענהייט.

: פתלי גראס

## LXIX

און ניט מיט פריינט אין קאַוועהויז ביי טיי,
באַריידענדיג די פריינט, וואָס ניט מיט זיי
ביז ס'קלעפּען מידע זיך די אויגען צו —
וועט בריינגען דיר דיין לאַנג־געזוכטע רוה.

LXX

די נעכט פון רוה באַרוישט איהר מיט געזאַנג און וויין
די טעג פאַרשלאָפּט איהר, טעג פון זונענשיין.
אַזוי פאַרגעהט איהר און איהר ועט פאַרגעהן
פאַרגעסענדיג אינגאַנצען זיך אַליין.

נ פ ת ל י  ג ר א ס

## LXXI

פאַרזאַם זיך ניט מיט דיינע פריינט צו לאַנג
אין ווײַנשענק ביי די ווײַנען און געזאַנג.
ער וואַרט פאַר דיר, און ער איז שטענדיג גרייט
צו ברייַנגען דיר די אייביג שטילע פרייד.

## LXXII

ניט מיט וויין און ליעדער און געזאנג
ווערסטו פאַר׳שיכור׳ט אין זיך די שלאַנג,
וואָס עסט זיך טיף ביי דיר אין האַרצען איין,
און רויבט ביי דיר די רוה, דעם טאָג און שיין.

נפתלי גראב

## LXXIII

ווער זיינען זיי? זיי זיינען שטארקער ווייַן,
וואס רעגט אונז אויף, בארווישט און מידט אונז איין.
איך זאג: דער ווייַן בארווישט און מידט נאר איין.
דאך ברייינגט אונז קיינמאל ניט קיין פרייד דער ווייַן.

## LXXIV

דער וועג, וואָס פיהרט צו איהם ליגט ווייט און ברייט
און גלייך פאַר יעדען איינעם אויסגעשפּרייט.
דאָך שטענדיג בלאָנזשעט איהר וואוהין איהר געהט —
איהר געהט וואוהין עס בלאָזט דער ווינט און וועהט.

נפתלי גראָס

## LXXV

איהר זוכט און זוכט אויף יעדען גלייכען שריט,
און שטרויכעלט זיך אליין דעם גאנג דערמיט.
איהר זוכט און זוכט און ווייסט אליין ניט וואס, —
ברייגנט אנד'רע נאר און זיך אליין פארדראס.

## LXXVI

זוכט איהם, נאָר איהם אויף יעדען שפּאַן און טראַט,
אין זיך אַליין, אין גאַס, אין דאָרף און שטאָדט.

געפינענדיג נאָר איהם וועט איהר ערשט זעהן,
ווי וואונדערבאַר זיין וועג איז צו פאַרשטעהן.

נפתלי גראָס

## LXXVII

דער נביא זאָגט: ווען ס׳קומט אויף איך אַ שטראָף,
דאַן לייד איך מיט, ווי ס׳ליידט מיט זיינע שאָף
דער פּאַסטוך מיט. דאָך ווען עס קומט אַ פרייד
אויף איך, דאַן לייד איך אַלץ נאָך איי׳רע לייד.

## LXXVIII

אויף מיינע צוגעפרעסטע ליפען רוהט
דיין הייליג וואָרט. און טיף ביי מיר אין בלוט,
און אין מיין האַרצען טיף רוהסטו אַליין,
און לייטערסט מיך און מיין נשמה ריין.

נפתלי גראָס

## LXXIX

כאָטש דו ביסט דאָ און דאָרט און אומעטום,
און וואו מען פאָרשט דיך, זוכט דיך נאָר אַרום.
דאָך וואו און ווער איז דער, וואָס קען דיך זעהן?
און ווער איז דער, וואָס קען דיין וועג פאַרשטעהן?

## LXXX

אַז וואויל איז דעם, וואָס ווייסט אַז ערגיץ וואו
געפינט זיך ווער, וואָס קוקט צו איהם זיך צו,
און ביינקט נאָך איהם. איך זאָג: אַז וואויל איז מיר,
ווייל כ'ווייס, אַז עמיץ היט מיין יעדען ריהר.

נ פ ת ל י  ג ר אָ ס

LXXXI

צו מיינע אויערן דערגרייכט אין גאַנג,
פון ערגיץ ווייט אַ תּפֿלה'דיג געזאַנג;
און לייכטער, גרינגער ווערן מיינע טריט,
און מיינע ליפּען מורמלען עפּעס מיט.

LXXXII

וואס ברענט דאס פענסטער אזוי שפעט ביינאכט?
און ווער איז דאס, וואס וויגט זיך דארט פארטראכט?
צי וויגט זיך ביי א קראנקען קינד די מאמע מיד,
צי איבער תורה וויגט זיך דאס אנ'אלטער איד?

נפתלי גראס

## LXXXIII

איך האב מיין טיר אין מיטען טאג פארמאכט,
זאל שטיל זיין, ווי די שטילקייט פון בייינאכט.
און קיינער זאל ניט קומען אין מיין הויז —
מיר ברייננגט דער קומענדיגער ליידען בלויז.

## LXXXIV

צו דיר אַליין און נאָר פאַר דיר אַליין,
זינגט מיין האַרץ און בלוט אַזש ביז געוויין.
פאַר דיר, וואָס האָט מיר צער און פרייד געבראַכט,
פאַר דיר, וואָס האָט מיך זינגען אויך געמאַכט.

נ פ ת ל י   ג ר א ס

## LXXXV

דו קומסט א שטילע דורך איין טיר צו געהן,
און זוכסט צעמישט אַנ'אָרט צו בלייבען שטעהן.
דאָך איידער וואָס און ווען דו קלייבסט זיך אויס,
מוזטו שוין דורך אַ צווייטער טיר צוריק אַרויס.

## LXXXVI

און שטעלסטו זיך שוין ערגיץ וואו אוועק,
ביסטו פאַר יעדען שאַרף און ריהר אין שרעק;
און ציטערסט אויף ביי יעדען קלאַנג און וואָרט,
ביז ס'קומט א צווייטער און פאַרנעמט דיין אָרט.

נפתלי גראס

## LXXXVII

די נאַכט איז בלינד. און ווי דער בלינדער גריד
שטיל זינגט זי לויבליעדער צו גרויסען ריך.
דאָך איינציגע, נאָר הערען זינגען זי,
און איך, מיין האָר, בין איינער צווישען די.

LXXXVIII

ווער זיינען זיי, וואָס קומען מיט אַמאָל,
ווי מחנות ווילדע גענז אָן אויפ'ן קול,
און פֿליהען אַרום מיין קאָפּ אַראָפּ, אַרויף,
און שרייען: אַנטלויף פֿון זיך אַליין אַנטלויף!

נ פ ת ל י   ג ר אָ ס

## LXXXIX

איך זעה וואָס — דאָך פאַרנעפעלט גרוי און שווער:
איך הער וואָס — דאָך איך ווייס ניט וואָס איך הער,
און אַלעס רוישט און שווינדעלט נאָכאַנאַנד —
צי לויערט שוין אויף מיר דאָס שאָטענלאַנד.

## XC

ווי שווערע נעפּלען וועלען איבערגעהן
אַריבער מיר, און אַלץ וואָס איז געווען
פאַרמעקען, גלייך ווי גאָרניט וואָלט געשעהן, —
ערשט דאַן וועל איך זיין אייביג ליכט דערזעהן.

נפתלי גראס

## XCI

און אַז ס'וועט אויסשלאָגען מיין לעצטע שעה,
וועט ער מיך אין זיין שוואַרצער סאַמעט היל
פאַהילען, און אַוועקטראָגען מיך שטיל
אַהין, וואָס איז אין ערגיץ ניט נישאָ.

## XCII

ווי אַלט בין איך? צי קען באַשטימען ווער
מיין צאָהל פון יאָהרען וועניגער צי מעהר?
און קען די צאָהל פון מיינע יאָהרען דען
באַשטימען מיר מיין עלטער ווען ניט ווען?

נ פ ת ל י  ג ר א ס

## XCIII

כ'בין אפט א קינד, ביי ווען א קלייניגקייט  
עס קען ארויסרופען געוויין און פרייד;  
און אפט אנ'אלטעטשקער, וואס ווארט אהן שרעק  
און רוהיג אויף דעם סוף פון זיינע טעג.

## XCIV

כ׳בין יונג און כ׳לאז נאך גארניט ניט פארביי.
איך טרינק פון יעדען קוואל, דאך איז מיר ניי
שוין גארניט. און אפטמאל טראכט איך גאר:
איך בין שוין זיכער אלט א טויזענט יאהר.

נפתלי גראס

## פעהלער-אויסבעסערונג.

צום סוף פון די ליעדער .XVII, XI, II און LXXXIX פעהלען פרעג-צייכענס (?).

די לעצטע שורה פון ליעד LXII דארף זיך לייענען:

ביי מיר, כאטש פעהלען פעהלט מיר גארניט ניט.